Rok I. Kraków, 29 października 1909 — קראקא י"ד חשון תר"ע. Nr 42

# יודישע אילוסטרירטע צייטונג

Zydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K. = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדסקא 62. טעלעפאן נר' 412. עסטערר. פאסטשפארקאסען־קאנטא נר' 57,341.

## בלעריאה און זיין פליעה־אפאראט אין ווין.



בלעריאה און זיין פליעה־אפאראט אין ווין; אין געגענווארט פון קאיזער פליעהט בלעריאת אויף זיין אפאראט.

## גראטיס־ביילאגע „די הבדלה" נומער 3.

# צו די לעזער.

דיעיניגע אבאנענטען, וואס זייער אבאנעמענט ענדיגט זיך מיט דיעזע נומער, בעקומען ביינעלעגט א פאסט־שעק, מיט וועלכען זיי זאלען עס תיכף ערנייערן, כדי מיר זאלען נישט זיין געצוואונגען, אויפצוהערען מיטן צושיקען פון אונזער בלאט.

*

די פ. ט. אגענטען ווערען אויפגעפאדערט, תיכף צו בעגלייכען זייערע רעכנונגען, ווייל זאנסט וועלען מיר זיי נישט מעהר צושיקען די בלעטער.

*

אונזער הויפטפערטרעטער אין רוסלאנד איז י. מערעצקי, ווארשא, במיעלנא נר' 40, פיליאלע אין לאדז: פשעיאזד נר' 16.

אין רומעניען: יאזעף בארטפעלד, פאסקאני.

אין בעלגיען: ס. קאהאן, אנטווערפען.

אין אמעריקא: ש. דרוקערמאן, ניו־יארק, 50 קאנאל־סטריט.

# די אדמיניסטראציע.

# בלעריאה און זיין פליעה־אפאראט אין וויען.

אין געגענווארט פון קאיזער און א פובליקום פון איבער 300,000 מענשען האט לעצטען שבת דער בעריהמטע פראנצעזישע פליעהקינסטלער בלעריאה, וועלכער האט איבעראשט די וועלט דורך זיין איבערפליעהען דעם לא־מאנש קאנאל צווישען פראנקרייך און ענגלאנד, פארגענומען א גוט־געלונגענעם אויפשטייג אין וויען.

דער פליעה־אפאראט איז צוויי טעג פריהער געווען אויפגעשטעלט אין וויענער קור סאלאן און הונדערט טויזענדע מענשען זענען איהם געקומען בעזוכטיגען.

דער אויפשטייג זעלבסט איז פארגעקומען שבת 4 א זייגער נאכמיטאג, אויף דער אזוינערופענער זעמערינגער היידע, א פלאץ פון 8000 קוואדראטמעטער גרויס.

דער קאיזער איז פינקטליך אנגעקומען צו פאהרען, האט זיך געלאזט ערקלערען אלע איינצעלהייטען פון דעם אפאראט, דערנאך ארויפגעגאנגען אין דער הויפלאושע און ערווארטעט דעם אויפשטייג. באלד אויך איז דער אפא־אט ארויסגעפיהרט געווארען אויפ'ן פלאץ און נאך



טיט דער פליעה־מאשין ארום דעם אייפעל־טהורם.

א קורצען אנלויף האט ער זיך אויף אין דער הויך ווי א פויגעל. געלאסטיש און גערינג. בלעריאה זיצט אינעווייניג רוהיג און געלאסען, ער פיהרט אויס די פערשיעדענסטע דרעהונגען און קרימונגען, באלד פליעהט ער נאר ניעדריג איבער די קעפ פון פובליקום, באלד פערשווינדעט ער אין דער הויך צווישען די וואלקענס, אז מען קען איהם קוים זעהען מיט'ן אויג.

אזוי פיהרט ער אוים די פערשיעדענסטע עוואלוציעס 22 מינוט כסדר, ביז ער זענקט זיך לאנגזאם א־אב גרינג און אהן שום שוועריגקייטען. דער קאיזער גראטולירט איהם הערצליך. דאס פובליקום אקלאמירט דעם פליעהער מיט גרוים ענטהוזיאזמוס.

בלעריאה ערקלערט זיך גרייט, א צווייטעס מאל אויפצושטייגען, ער פליעהט ווייטער אום 17 מינוט און לאנדעט אהן א שום מכשול. דער ענטהוזיאזם פון פובליקום איז איצט אהן א גרעניץ, ער ווערד געפייערט ווי א טריאומפאטאר, ווי א העלד, וואס האט ערדייכט דעם גרעסטען זיעג. דער קאיזער גראטולירט איהם נאכמאלם צו זיין געלונגענעם אויפשטייג און פאהרט צוריק אין די בורג, בלעריאה האפט זיך ארויף אויף א אויטאמאביל און פערשווינדעט מיט זיין פרוי פאר דעם צודרינגענדען פובליקום.

---

# שרה בערנהארדט'ס 65־סטער געבורטסטאג.



שרה בערנהארדט.

אם 23 אקטאבער איז שרה בערנהארד, די גרעסטע איצטיגע שוישפילערין, אלט געווארען 65 יאהר.

וועלט־דאמען — און אפילו פשוט'ע יודענעס — האבען עס נישט ליעב, ווען מען צעהלט זייערע יאהרען, בפרט שוישפילערינען און קינסטלערינען, ווילען תמיד געלטען פאר יונגער ווי זיי זענען. עס קען זיי חלילה שאדען צום דוחק ווען די וועלט וועט וויסען, ווי אלט זיי זענען.

שרה בערנארדט בילדעט אין דיעזער בעציעהונג א אויסנאהמע: „65 יאהר בין איך היינט אלט געווארען!“ איז זי מודיע דער גאנצער וועלט און ווער ס'בעוואונדערט די קונסט פון דיעזער שוישפילערין, זאל זיך נאך מעהר וואונדערן, וואס אין אזא אלטער, ווען אנדערע קינסטלערינען האבען זיך שוין לאנג געזעצט אברוהען— איז זי נאך לעבענדיג און שטאטען לוסטיג און קלערט נאך נייע פלענער, ווי די וועלט צו איבערראשען מיט איהר וואונדערבארען טאלענט.

שרה בערנהארד, די 65־יעהריגע קינסטלערין, שפיעלט נאך ביז היינט געוויסע יוגענדליכע ראלען, פאר קוים 5 יאהר, 60 יאהר אלט, האט זי געשפילט די ראלע פון א זעכצעהניעהריגען פרינץ אין דעם בעריהמטען שטיק פון ראסטאנד „דער אדלער“, און ווער עס האט די אלטע דאמע געזעהען אין דער ראלע פון דעם יונגען יונגעל, האט זיך נאר נישט געקענט געגוג חידוש'ן איבער איהרע פרייע, פרישע בעוועגונגען, איבער איהר יוגענדליכע קראפט, וועלכע ס'וואלט זיך געמענט ווינשען מאנכע יונגע שוישפילערין.

שרה בערנהארדט איז אויך א לעבענדיגע ווידערלעגונג פון דער אלגעמיינער בעהויפטונג, אז יודישע פרויען איבערלעבען זיך שנעל. זי איז נאך היינט אזוי פריש און לוסטיג ווי איה־ע יונגע קאלעגינען, פאהרט ארום אין דער גאנצער וועלט און געפונט איבעראל א בעגייסטערט פובליקום.

---

# א זיצונג פון כינעזישען שטאאטס־מיניסטעריום.

פון צייט צו צייט קומען פון כינא ידיעות איבער רעפארם־בעוועגונגען אין דיעזען אינגעהייערן, פון איבער 300 מיליאנען מענשען בעוואהנטען רייך, וועלכעס איז פערשלאפען די גרויסע בעוועגונגען, וואס האבען ארומ־



דער נייער יודישער דעפוטאט צו דער דומא ארקארי בראהסקי.



פראָזעסאָר לאָמבראזאָ.

נערופען די וויכטיגסטע אומוועלצונגען אין דער גאנצער וועלט.

ביי דעם מיסטעריען, וועלכעס די כינעזער האבען נעגען יעדען אייראָפּעער, ביי זייער שטרענגער פערשוויענהייט און פערביסענהייט, וואס פערורזאכט זייער אבגעשלאָסענהייט פון דער איבריגער וועלט, קען מען נאטירליך נישט פיעל וויסען, ווי ווייט דיעזע שמועות זענען אמת. אפילו די אייראָפּעאישע דיפלאָמאטען, וואס זיצען אין פעקינג, וויסען אפט נישט, וואס ס׳געהט פאר אין זייער נאָהענסטער אומגעבונג. דער כינעזישער דיפלאָמאט זעהט תמיד אוים פערשלאָפען און פויל. רעדט מען מיט איהם, מיינט מען, אז ער הערט נאר נישט צו און געפינט זיך נאָר אויף דעם עולם־הדמיון. אין אמתן אבער איז דער כינעזער פיעל געשיקטער און דיפלאָמאטישער, ווי דער אייראָפּעער און טראָץ זיין אייסערער פערשלאפענהייט ווייס ער גאנץ גוט, וואָס ער וויל און פערשטעהט עס יענעם דעם קאפ צו פערדרעהען.

ווען א אייראָפּעער ואל, למשל, האָבען געלעגענהייט, בייצוּוואהנען א כינעזישער מיניסטער־זיצונג, וואלט זיך איהם נערוכט, אז דא זיצען עפּיס פוילע, פערשלאָפענע מענשען און חלום׳ען פאנטאסטישע חלומות. דער כינעזער רעגט זיך נישט אויף, געשטיקולירט נישט ביים רעדען, שרייט נישט און קלאָפּט נישט מיט די הענד אין טיש. ווען ער וויל דורכזעצען זיין ווילען, אבער ער בענוצט א רוהיגע ענערגיע. א אייוע־נעם ווילען, א פעסטע איבערצייגונג און וועלט אנשויאונג. און ביי א כינעזישער מיניסטער־זיצונג ווערען רוהיג און געלאסען בעשלאָסען די וויכטיגסטע ענינים, וועגען וועלכע אייראָפּעאישע מיניסטער וואָלטען זיך בעראטט רייסען ביי די קעפּ.

איבערדעם אויך קען אייראפא נאך ערווארטען פון כינא די גרעסטע איבעראשונגען.

---

# צעזאר לאמבראזא געשטארבען.

אין טורין (איטאליען) איז פאריגע וואך געשטאָרבען נאך א קורצער קראנקהייט דער בעריהמטער געלעהרטער צעזאר לאמבראזא, 78 יאהר אלט.

לאמבראזא, איז געבוירען געוואָרען אין וועראנא, אין יאהר 1836, זיין פאטער איז געוועזען א פשוט׳ר סוחר.

אין זיין יוגענד האט זיך לאמבראזא בעשעפטיגט הויפּטזעכליך מיט לערנען שפּראכען, קוים 12 יאהר אלט האט ער שוין גערעדט געלייפיג לאטיין און גריעכיש, אלס 14 יעהריגער יונגעל האט ער ארויסגעגעבען א ווערק „איבער דער גרויסקייט און מפלה פון רוים“, וועלכעס האט ארויסגערופען א גרויסען אינטערעס אין דער וויסענשאפטליכען וועלט.

לאמבראזא שטודירט דערנאך ווייטער אריענטאלישע שפּראכען, העברעאיש, כאלדעאיש, קאפטיש און כינעזיש און ער האט זיך ברעה צוווידמען אים גאנצען דער פילאָזאָפישען וויסענשאפט.

אָבער אים אלטער פון 18 יאָהר ווענדעט ער זיך פלוצים צו דער מעדיצין, ער בעזוכט די אוניווערזיטעטען פון פאדוא, פאויא און וויען, דא בעקומט ער אים יאהר 1859 דעם טיטעל דאקטאר. וועהרענד זיין סטודיום ניבט ער ארויס א וויכטיג בוך „איינפלוס פון קולטור אויף שגעון און פון שגעון אויף קילטור“, וועלכעס ווערד אין וויסענשאפטליכע קרייזען שטארק געלויבט.

אים יאָהר 1862 ווערד לאמבראזא אויפגענומען אלס פּראָפעסאר פאר גייסטעס־קראנקהייטען (פסיכיאטריע) און געריכטליכע מעדיצין אויף דער אוניווערזיטעט אין פאויא, זייט דעמילט ווידמעט ער זיך אים גאנצען דיענען צוויינג פון דער מעדיצינישען וויסענשאפט. וועלכען ער ענטוויקעלט צו דער העכסטער שטופע. דאס גאנצע סיסטעם פון דער מאָדערנער געריכטליכער מעדיצין שטיצט זיך אויף לאמבראזאים טהעאריעס, אז דער פערברעכער איז אפט נישט שולדיג אין זיין פערברעכען, ער איז אזוי געבוירען געוואָרען, ער האט די נייגונג, צו בקינדהייט א פערברעכען, געבּרענגט אויף דער וועלט מיט זיך און איבערדעם מוז מען ביי דער פעראורטהיילונג פון א פערברעכער אונטערזוכען זיין גייסטיגען צושטאנד און טראכטען, איהם צו שטעלען אונטער א געשטימטער השגחה, כדי ער זאל נישט זיין שעדליך פאר דער וועלט.

לויט לאמבראזאס שיטה דאַרף מען פערקלענערן די צאהל פון טורמעס און אויסטען און פערגרעסערן די צאהל פון די שפּיטעלער, משוגעים־אנשטאלטען און סאנאטאריומס, וואו מען זאל היילען און פערבעסערן דעם קראנקען גייסט פון דעם פערברעכער.

געקומען צו זיין שיטה איז לאמבראזא דורך דעם אונטערזוכען פון די שערדעל פון געטעדטעטע פערברעכער. דא האט ער ענטדעקט, אז זייער געהירען, זייער נערווען־סיסטעם איז נישט ווי ביי געוועהנליכע מענשען און דאס דאט איהם געפיהרט צו זיין טהעאָריע, ער האט אויך ארויסגעפונען די מיטלען, צו דערקענען אין דער פיזיאָגנאָמיע פון א מענש זיינע אנלאגען צום פערברעכען.

ווי יעדע נייע טהעאָריע האט אויך לאמבראזאס שיטה געפונען פיעל געגנער. אבער אין דער פּראקסיס האט זי זיך שטארק אנגענומען און בילדעט דעם פונדאמענט פון דער היינטיגער געריכטס־מעדיצין.

אונצעהליגע זענען די ביכער, וועלכע לאמבראזא האט ארויסגעגעבען, אס בעריהמטעסטען און פאפולערסטען זענען זיינע ביכער „שעניע און אירזין“ („גאוניות און שגעון“) וועלכעס איז איבערזעצט אין אלע מאדערנע שפּראכען, און „דאס פאליטישע פערברעכען און די רעוואָלוציע“.

לאמבראזא איז געוועזען א טרייער יוד, א וואַרמער נאציאנאלער יוד. זיין סביבה, אין בעשעפטיגונג האט איהם צוואר דערווייטערט פון יודישען לעבען און א צייט לאנג האט נאך קיינער נישט געוואוסט, אויב ער איז א יוד. ווען ס׳איז אבער אין די 80־ער יאָהרען פון פאריגען יאָהרהונדערט אויפגעטרעטען אין דייטשלאנד דער אנטיסעמיטיזמוס, האָט זיך לאמבראזא נישט בעהאלטען ווי אנדערע יודישע געלעהרטע, נאר איז ארויסגעטרעטען מיט א גרויס ווערק איבער׳ן אנטיסעמיטיזמוס, בעווייזענדיג, אז דאָס איז אויך א מין פערברעכען, וואָס זיין יסוד איז א קראנקהייט און א נישט־נאָרמאלער גייוועזער צושטאנד.

אין די לעצטע יאָהרען האָט זיך לאָמבראזא אפען בעקענט צום ציוניזמוס. ער האט אָפען ערקלערט, אז ער בעדויערט זעהר, וואָס צוליעב זיין אלטקייט קען ער נישט נעהמען קיין אקטיווען אנטהייל אין דיעזער בעוועגונג.

ביז צו זיין לעצטען טאג איז לאַמבראזא געוועזען גייסטיג און פיזיש פריש און געזונד. ער האט געארבייטעט



די אויפרעגונג אין שפאניען: דער דעמיסיאָנירטער מיניסטער־פּרעזידענט מוראַ.



שרעקליכע איינשטורצקאטאסטראָפע אין שטראסבורג.



א זיצונג פֿון כינעזישען „שטאאטסמיניסטעריום.

ליטעראַריש ביז צולעצט. זיין טויט איז געקומען נאר איבעראַשענד.

אין לאמבראזא פֿערליערט די וויסענשאַפֿטליכע וועלט א גרויסען, ערלייכטעטען גייסט, דאס יודישע פֿאלק א טרייען, ווארמען זוהן. תנצב״ה.

# מיט א לופט־שיף ארום דעם אייפֿעל־טורעם.

פֿאַרינגען מאנטאג איז אין פּאַריז פֿאַרגעקומען א מערקווירדיגען פֿאַקט, וואָס דאַרף פֿערשריבען ווערען אַלס א גרויסער נצחון אין דער פֿליה־קונסט. וועלכער שטיינט נאָך אפשר איבער בלעריא׳ס אַריבערפֿליהען דעם לאַ־מאַנש־קאַנאַל. גראַף לאַמבער, דער ערשטער שילער פֿון דעם גרויסען לופֿט־שיפֿער ווילבור רייט, איז אַרויסגעפֿלויגען מיט זיין אַעראָפּלאַן 4 א זייגער מיט 37 מינוט נאך מיטאָג פֿון זשוביש, די סטאַציע פֿון די אַעראָפּלאַנען; געקומען צופֿליהען קיין פּאַריז. געפֿלויגען אַרום דעם אייפֿעל־טורעם אויף א הויך פֿון 350 מעטער, און איז צוריקגעפֿלויגען נאך זשוביש.

די דאָזיגע דרייסטע רייזע אין דער לופֿטען, האט אַרויסגערופֿען אין גאַנץ פּאַריז א געוואַלדיגען וואונדער. דער וואונדער און דאס שטוינען פֿון פּובליקום איז נאָך גרעסער געווען דאַדורך. וואָס נאָר ווייניג מענשען האבען בעמערקט דעם פֿליהענדען ריעזען־פֿויגעל, וואס האט געשוועבט אַזוי ווי א קליינער פּונקט אין א אונגעהייערע הויך פֿון 350 מעטער, דאס וועטער איז געווען גלענצענד שען און רוהיג. פֿון דער דרייסטער פּ־אבע האט קיינער פֿריהער נישט געוואוסט, אויסער גראַף לאַמבער, מעכאַניקער און זיינע נאָהנטסטע פֿריינד.




דער כינעזישער וויצעקעניג טשאַנגשיטונג אין זיין וויזיט־קארטע.

שען איז געווען ווי לאַמבער האט זיך אויפֿגעהויבען ביסלעכווייז אין דער לופֿט. ביים ערשטען פֿליה האט ער זיך מיט א מאל אויפגעהויבען 50 מעטער אין דער הויך. ביים צווייטען מאל פֿער־קער־עיזען האט ער זיך ווידער אויפגעהויבען אַזוי ווי א פֿייגעל מיט די שטאַרקע פֿליגעל און האט א שוועב געטהון אויף 75 מעטער די הויך, דערנאך אויף 150 ביז ער האט זיך ענדליך אויפגעהויבען אויפ׳ן העכסטען פּונקט פֿון 350 מעטער. באַלד האט מען איהם געזעהען שוועבען איבער פּאַ־לאַמענט, פּלאַס דע לא קאָנקאָרד און שאַנז־עליזע, דערנאך אין 20 מינוט אַרום איז ער אַרומגעפֿלויגען דעם אייפֿעל־טורעם. און 5 א זייגער מיט 25 מינוט איז דער פֿליהער צוריק ערשיענען אין זשוביש אין א הויך פֿון 100 מעטער.

דארט האָט ער זיך נאך עטליכע מאל אַרומגעדרעהט אין דער לופֿטען, און האָט זיך דערנאך אַראָבגעלאָזט אונטער געוואַלדיגע אוואַציעס פֿון פּובליקום און פֿון די פֿערזאַמעלטע לופֿטפֿליהער. די שטרעקע, וועלכע גראַף לאַמבער איז איבערגעפֿלויגען הין און צוריק, האלט 40 קילאָמעטער.

גראַף לאַמבער, וועלכער איז אַלט 40 יאהר, איז דער זוהן פֿון א רוסישען גענעראַל. מיט עטליכע יאָהר צוריק האט ער זיך בעקאַנט געמאכט אין פּאַריז אַלס שיף־קאָנסטרוקטאָר. און אז רייט איז געקומען קיין פֿראַנקרייך, האט זיך גראַף לאַמבער שטאַרק פֿעראינטערעסירט מיט דעם נייען פֿליה־סיסטעם פֿון דעם אַמעריקאַנער קינסטלער און איז געוואָרען זיין תלמיד.

אָר. ווילבור רייט איז ענטציקט פֿון זיין תלמיד׳ס גלענצענדע פּראָבע. ער שטעלט איהם העכער פֿאַר בלעריא׳ס אַריבערפֿליהען דעם קאַנאַל.

ליידער איז דער דאָזיגער גלענצענדער טאג נישט אַריבער אהן א שווערען אומגליק. נאכ׳ן גלענצענדען פֿליה פֿון לאַמבערט׳ן האט דער לופֿט־שיפֿער בלאנק געמאכט א פּראָבע מיט זיין קליינעם אַפּאַראַט פֿון בלעריא׳ס סיסטעם, וואס ער האָט ערשט פֿאַרינגע וואָך בעקומען.

ווי עס ווייזט אויס, איז דער פֿליהער נישט קיין געניטער. און באַלד ווי ער האט זיך אויפֿגעהויבען האט זיך פּלוצלינג דער אַפּאַראַט אַראָבגעלאָזט. אָבגעדרעהט אין א זייט און זיך אנגעקלאַפּט אן דער באַריערע און איז אַריינגעפֿלויגען אין דעם דערשראָקענעם פּובליקום. עס איז געוואָרען א געוואַלדיגע בהלה און א שרעקליכער געשריי. מאַסען פֿון פּובליקום זענען מיטגעריסען געוואָרען פֿון דעם פֿערבלאָנדזשעטען אַפּאַראַט. דריי פֿרויען און איין מאנספּאַרשוין האבען בעקומען שווערע פֿערוואונדונגען. דעם פֿליהער אַליין האט גאָר־נישט געשאדט.

# בעגנב׳עט דאס טשענסטאכאווער קלויסטער.

א גרויסע גנבה איז געשעהען פֿאַריגע וואך אין דער נאכט פֿון פֿרייטאג אויף שבת אין דעם בעריהמטען טשענסטאכאווער קלויסטער, וואוהין עס וואַנדערן יאָהר־יעהרליך הונדערטטויזענדער קריסטען פֿון אַלע לענדער צו דעם דאָרטיגען „הייליגען־בילד״.

אָט טאַקי דאס „הייליגע בילד״ איז בעגנב׳עט געוואָרען, מען האט פֿון איהם אַראָבגענומען די צוויי רייך־גאָלדענע קרוינען מיט בריליאַנטען, וואס רעפּרעזענטירען א ווערטה פֿון איבער 3 מיליאָן רובעל, א סאַמעט־קלייד אויסגענעהט מיט פּערל אים ווערטה פֿון א האַלב מיליאָן, 15 גאָלדענע זינגערלעך, 10 גאָלדענע קעטעלעך, 8 גרויסע שווערע גאָלדענע קעטען, 5 שנירען פּערל, 9 שנור קרעלען, 50 גאָלדענע רינגען מיט בריליאַנטען, 20 אַנדערע גאָלדענע שמוק־שטיקער עטצ.

דער ווערטה פֿון די געגנב׳עטע געגענשטענדע בערעכענט ציר־קא 6 מיליאָן. זייער ווערטה איז אָבער נאך גרעסער, ווייל עס זענען דאַ צומייסט אַלטע היסטאָרישע שטיקער, וועלכע ספּעציעלע קעניגע האבען געשענקט פֿאַר דעם „הייליגען בילד״ און באופן זה זענען די זאַכען גאַנץ אונערזעצבאַר.

גאַנץ טשענסטאכאָוו איז ווענען דער גנבה שטאַרק אויפגערעגט, ס׳איז אַראָב געקומען א קאָמיסיע פֿון וואַרשא. מען האט איינגעריכטעט א בעזונדערע אונטערזוכונגס־קאַנצליי. ס׳זענען פֿערהאַפֿטעט געוואָרען מעהרערע פּער־זאָנען — אָבער פֿון די גנבים זעלבסט פֿעהלט יעדע שפּור.

די יודישע געמיינדע פֿון טשענסטאָכאָוו האָט זיך געווענדעט צו דעם פֿאָרשטעהער פֿון דעם קלויסטער און מודיע געווען, אַז די רבנים פֿון טשענסטאָכאָוו וועלען אויספֿאָדערן די יודען דורך אַ כרוז, זיי זאָלען זיך בעטהייליגען אין דעם זוכען פֿון די גנבים.

# די אויפֿרעגונג אין שפּאַניען.

די שפּאַנישע קלעריקאַלען האָבען זיך אָבגעקאַכט א גוטע וועטשערע מיט דער הינריכטונג פֿון דעם אונשולדיגען פֿ ע ר ע ר.

אים גאַנצען לאַנד הערשט דעסוועגען די גרעסטע אויפרעגונג. אים אויסלאַנד מוזען די שפּאַנישע דיפּלאָמאַטען שטעהען אונטער מיליטערישער שוץ, דער נאָמען שפּאַניען ווערד פֿערפֿלוכט פֿון טויזענדער מענשען.

דער קעניג זיצט איינגעשלאָסען אין זיין פּאַלאַץ. ער האט מורא זיך אַרויסצוווייזען אויף דער לעכטיגער גאַס. פֿון פֿיעל שטעדט ווערען געמעלדעט באַמבען־אַטענטאַטען, די העכסטע פֿונקציאָנערע בעקומען דראָה־בריעף — דאס גאַנצע לאַנד שטעהט אין שרעק, אַלס דאס ערשטע קרבן איז געפֿאַלען די רעגיערונג זעלבסט. אין דעם פּאַרלאַמענט איז געגען איהר אויסגעבראָכען א זאַלכער שטורם, אַז זי האט זיך נישט געקענט מעהר האַלטען און דער קעניג האט זיך געמוזט ענטשליסען, דאס קאָנזערוואַטיווע קאַבינעט מוירא צו ענטלאַסען און צו בילדען א נייע ליבעראַלע רעגיערונג אונטער דעם פּרעזידיום פֿון ליבעראַלען שטאַאַטסמאַן מאַרעט. די נייע רעגירונג וויל תיכף אויפהעבען דעם בעלאַגערונגס־צוּשטאַנד, די צענזור און די מיליטערישע געריכטע, בע־פֿרייען די פּאָליטישע געפֿאַנגענע און איינפֿיהרען ווידער קאָנסטיטוציאָנעלע צושטענדע אין לאַנד — אויב דאס וועט דאס פֿאָלק בערוהיגען, איז אַן אַנדערע פֿראַגע.

צום אָבערקאָמאַנדאַנט איבער די טרופּען, וואס קעמפֿען געגען די קאַבילען, זאָל ערנאַנט ווערען גענע־ראַל ווייַלער. ער איז בעקאַנט דורך זיינע אכזריות אויף דער אינזעל קובאַ, וועלכע האט געהערט צו שפּאַניען און וועלכע איז דורך ווייַלער׳ס אונמענשליכקייט פֿערלוירען געגאַנגען. אויב די שפּאַניער ווילען אויך מעלילאַ פֿער־לירען, איז דאַצו דאס בעסטע מיטעל, דאָרטהין צו שיקען ווייַלער׳ן. ער וועט די מאַראָקאַנער אַזוי רייצען, אַז זיי וועלען אַנווענדען אַלע מיטעל. די שפּאַניער אַרויס־צוטרייבען פֿון אַפֿריקאַ.



רייבערישער-איבערפאל אויף א שיף.

# רייבערישער איבערפאל אויף א שיף.

אין אלטע צייטען איז דאס רייבערישע איבער־פאלען פון שיפען געווען א אפט ערייגניס. ס'האבען עקסיסטירט דירעקט אזעלכע ארגאניזאציעס, וואס פלעגען מיט זייערע שיפען ארומוואנדערן אויף די גרויסע ימים, און קוים האבען זיי געפאקט א קליין פאהרענדיג שיף, זענען זיי עס איבערפאלען, אויסגעמארדעט די רייזענדע אדער זיי גענומען געפאנגען און דערנאך פערקויפט פאר סקלאווען, און אויסגערויבט דאס שיף, וועלכע זיי פלעגען שפעטער אדער פערברענען אדער לאזען ארומבלאנקען צווישען די כוואליעס פונ'ם ים. ביז ס'איז אינטערגעגאנגען.

אין דער נייער צייט האבען דיעזע פעלע אויפגע־הערט. דער שיפס־פערקעהר איז אזוי שטארק, אז דאס „פיראטען־וועזען" (אזוי פלעגט זיך די ים־רייבעריי רופען) איז געמאכט געווארען אונמעגליך.

איבערדעם אויך האט עס ערוועגט דאס גרעסטע אויפזעהען, ווען ס'איז אין די לעצטע טעג געקומען די מעלדונג, אז דאס ענגליש האנדעלס שיף „בריטאניא" איז אויף'ן וועג קיין אינדיען איבערגעפאלען געווארען פון א רויבער־שיף, וועלכעס איז געווען בעוואפענט מיט שנעל־פייער־קאנאנען. די רייבער איז אבער זייער פלאן נישט געלונגען. די „בריטאניא" איז אויך געווען גוט בעוואפענט און צווישען ביידע שיפען האט זיך אנגעהויבען א מלחמה מיט הארמאטען ווי אין א ווירקליכען קריעג. שליעסליך איז דאס רויבער־שיף בעשעדיגט געווארען און האט גע־מוזט אבטרעטען, וועהרענד די „בריטאניא" איז זיך ווייטער געפאהרען איהר וועג.

ווען זי איז געקומען קיין מאדראס און האט דער־צעהלט, וואס מיט איהר האט פאסירט, האט מען באלד ארויסגעשיקט די קריעגס־שיף „סיראי", צו פערפאלגען דעם רויבער־שיף. די „סיראי" איז צוויי טאג ארומגעגאנ־גען איבערן ים און האט ערשט אויפ'ן דריטען טאג בעמערקט פון ווייטען א שיף, וואס נעהט אהן א פאהן. ווען די רויבער־שיף האט דערזעהן, אז מען שפירט איהר נאך, האט זי זיך געוואלט ארייגהאפען צום אינזעל קאנאנג, וואו א גרויסע קריעגס־שיף קען צוליעב די פעלזען נישט צוקומען. די „סיראי" האט איהר אבער צו דער אינזעל נישט צוגעלאזען און טרייבענדיג אין מיטען ים איז זיא אליין צוגעקומען צו איהר נעהנטער. ווען די ביידע שיפען זענען שוין געווען זעהר נאהנט און די „סיראי" האט אנגעהויבען באמבארדירען צו רויבער־שיף איז דארט פארגעקומען א אויפ־ייס, די גאנצע שיף איז געפלויגען אין דער לופטען און דער ים איז בעדעקט געווארען מיט א געדיכטען רויך. פון וועלכען ס'האט זיך ארויסגעזעהן מענשען, וואס צאפלען זיך אין וואסער און קעמפפען מיט די כוואליעס.

עס האט זיך איינגעגעבען צו ראטעווען נאר צוויי מענשען פון דעם אונטערגעגאנגענעם שיף, פון וועלכען מען האט זיך דערוואוסט, אז דער אונטערגעגאנגענער שיף האט געהערט צו א האלענדער אינזשיניער ברינגען, וועלכער האט זיך בעשעפטיגט מיט רויבערייען פון שיפען און פאנגען אינדיאנער, וועלכע ער פלעגט פערקויפען קיין פערסיען, טערקיי און אפגאניסטאן. דער וואהנארט פון די רויבער איז געווען די אינזעל קאנאנג, צו וועלכער קיין גרעסערע שיף קען, צוליעב די פעלזען, גאר נישט צו קומען.

די „סיראי" איז גלייך אוועק צו דער אינזעל קאנאנג און מיט גרויס מיה האט זי אהין צוגעשיקט א פאר קליינע שיפלאך מיט מענשען. אויף דער אינזעל האט מען געפונען א קליינעם ישוב, וואו ס'האבען זיך געפונען ביז 50 פאמיליעס, דארונטער אויך די פאמיליע פון דעם אינזשיניער ברוננען, אויף דער אינזעל האבען די ענגלענ־דער געפונען גוטע ווערקשטאטען פאר שיפבוי און האר־מאטען, מעטאל־גיסערייען, גרובען פון אייזען און קוה־לען, די סקלאדעס פון דער „פירמע ברוננען" מיט עלעקט־רישע בעלייכטונג און סיגנאליזאציע, וואו ס'איז געלעגען מאסען פעריל אין פערשיעדענע פארבען, וואס בעטרעפען 20 מיליאן רובל. אויסער די פעריל האט מען געפונען זעק מיט איינגעארבייטע גאלד, דימענטען, העלפענביין און געפאנגענע יונגע אינדיאנער, וואס האבען געזאלט פער־קויפט ווערען קיין אזיע.

עס פיהרט זיך א שטרענגע אויספארשונג איבער דיעזע אייגענארטיגע „רויבער־באנדע", וועלכע זאל האבען געשטאנען אין בעציהונג מיט גרויסע ענגלישע פירמעס.

# א יאפאנישע מיליטער־קאמיסיע אין וויען.

זייט עטליכע טעג ווייל'ט אין וויען א יאפאנישע מיליטער־קאמיסיע, וועלכע איז דארטהין געקומען, כדי צו שטודירען די מיליטערישע פערהעלטניסע אין עסטערייך.

די קאמיסיע, פון וועלכער מיר ברענגען א בילד אין אונזער היינטיגער נומער, בעשטעהט פון דעם גענע־ראל־מאיאר פיזאטא־א האנגא, גענעראל־שטאבס־אבערסט טאמאזיקי סוזוקי, אבער־לייטנאנט מאריהא־ן סניקי, מאיאר



א יאפאנישע מיליטער־קאמיסיע אין וויען.

פוקוזיי יאקאמיכי, מאיאר מאַיאי טאַמוּ־ו, אבערסט מאַזאַטאַ־א פוקודא.

די קאמיסיאן שטודירט גענוי די מיליטערישע איינריכטונגען ביי אלע וואַפענגאַטונגען און איהרע מיט־גליעדער האבען אויסגעדרוקט זייער בעוואונדערונג איבער דער פאַרצינליכער אָרגאַניזאַציע פון דער ארמעע.

אויסלענדישע בלעטער האבען בענוצט דעם בעזוך פון דער מיליטערישער קאמיסיע, צו פערשפרייטען די ידיעה, אַז יאפאַן וויל אבשליעסען א מיליטערישע קאנ־ווענציע מיט עסטערייך נעגען רוסלאַנד. דאס וויענער אפיציעלע קארעספאנדענץ־ביוראָ לייקענט אפיציעל אב דיעזע שמועה. מ׳־אטצרעם קען זיין א שטיקעל אמת אין דער זאַך. אין דער צייט, ווען דער צאַר איז געפאהרען קיין איטאליען, זיך חבר׳ן מיט דעם איטאַליענישען קעניג און די רוסישע פאָליטיק סטאַרעט זיך אבצורייסען א׳־טאַליען פונ׳ם דרייבונד און צוצוציעהען צו דער רוסיש־פראנצעזישער אַליאנץ, וואלט עס זיכער געווען אַ ניטער שאַך־צוג פון דער עסטערייכיש־יאפאַנישער פאָליטיק אבצושליעסען אַ מיליטער־ישע קאנווענציע, כדי זיך צו קענען אים נויטהפאַל נעגענזייטיג שיצען.

---

# דאס באיראם־פעסט אין קאנסטאנטינאפעל.



דאס באיראם־פעסט אין דער טירקיי: די הייבע בעאַמטען קושען דעם סולטאן די האַנד.

פאריגע וואך האבען זיך געענדיגט פאַר די טירקען די גרויסע תעניתים פונ׳ם חודש ראַמאַדאַן און ס׳האבען זיך אָנגעהויבען די באיראַם־ימים־טובים, די פרעהליכסטע טירקישע פייערטאגע.

פיים אנהויב פון די באיראַם־פעסטע קומט פאַר אים סולטאַנס־פאַלאַסט די האַנדקוס־צערעמאָניע. די העכסטע נייסטליכע, די מיניסטער און די הויפבעאַמטען ערשיינען פאַר׳ן סולטאַן און קושען איהם די האַנד.

דאָס מאָל זענען אויך די מיטגליעדער פונ׳ם פאַר־לאַמענט איינגעלאַדען געוואָרען צו דיעזער צערעמאָניע. אבער די יונגטירקען, אלס פרייע בירגער, בעטראַכטען דאס קושען פון דער האַנד אלס סקלאַווישע אונטער־טהעניגקייט, וואָס פאַסט נישט פאַר זיי. זיי האבען אי־בערדעם דאָס נישט געוואָלט טהון, נאָר יוצא געווען דאַמיט, זיך פאַר׳ן סולטאַן צו פערנייגען.

ביים באיראַם־יום־טוב קומט אויך פאָר די רעלי־גיעזע צערעמאניע פון קרבן־באיראַם. לויט אַן אַלטער אי־בערליעפערונג שטאַמט געמליך דער יום־טוב נאך פון די עלטסטע צייטען אלס אַנדענקען אין אברהם אבינו, וואס האָט דערמילט געוואָלט זיין זוהן ישמעאל (נישט יצחק, ווי ביי אונז יודען), מקריב זיין פאַר אַ קרבן. די מאהאַ־מעדאַנער בעהויפטען נעמליך, אַז די עקידה איז פאָרגע־קומען אין מעקאַ, אויף דעם אָרט, וואו זייער נביא מאַ־האַמעד ליעגט בעגראבען, און מעקאַ איז איבערדעם שוין הייליג פון יענע צייטען אן.

אַלס אַנדענקען אין דער „עקידת ישמעאל“, איז יעדער מאָהאַמעדאַנער, וואָס בעזיצט אַ געוויסען פערמע־גען, מחויב מקריב צו זיין אַ קרבן. דאס הייסט צו קוי־לען אַ שעפעלע, וועלכעס ווערד צוטהיילט אויף דריי חלקים: איין חלק פאַר אָרמע, איין חלק פאַר מתנות און דאס דריטע חלק ווערד נעגעסען אין דער פאַמיליע. דאס קרבן מוז זיין גאַנץ אהן אַ מום. דערועהט מען, אַז עס אַ פעהלער, מעג עס בלויז אַן אימער מאָהאַמעדאַנער בענוצען פאַר אַ קרבן; אַ רייכער מוז קויפען אַן אַנדער שעפעלע.

אויך אים פאַלאַסט פונ׳ם סולטאַן ווערד געקוילעט אַזאַ קרבן דורך דעם ערשטען הויפבעאַמטען אין געגענ־וואַרט פון אַלע הויפבעאַמטע.

נאָך דעם באיראַם־יום־טוב הייבט זיך אין דער טירקיי אָן וויעדער דאס פאָליטישע לעבען, וועלכעס רוהט אים גאַנצען אין דעם תענית־חודש ראמאדען און וועהרענד די גרויסע ימים־טובים.

מען רעכענט, אַז עס וועט אין דער טירקיי באלד אויסברעכען אַ מיניסטער־קריזע, ווייל די יונגטירקען זע־נען נישט צופריעדען מיט׳ן גרויסוועזיער הילמי־פאשא און זיי ווילען איהם ערזעצען דורך זייער׳ס א פערטרויענסמאַן.



דאס באיראם־פעסט אין דער טירקיי: אים סולטאנ׳ס פאלאסט ווערד דאס באיראם־קרבן געקוילעט דורך א הויפטמארשאל.

---

# ערעפנונג פון יודישען פאלקס־הויז אין בראדי.

מיט גרויס פייערליכקייט איז חול־המועד סוכות פאָרגעקומען די ערעפנונג פון יודישען „בית־העם“ אין בראדי, וועלכעס איז ערריכטעט געוואָרען אַ דאַנק די בעמיהונגען פון עטליכע דאָרטיגע געזעלשאַפטס־גענאָסען.

די יורשים פון ר׳ יחזקאל פייערמאַן, וועלכער איז געווען אַ טרייער ציוניסט, האָבען פערקויפט זייער אין דער שענסטער שטראַסע געלעגענע הויז פאַר דיעזען צוועק פאַר אַ בילינען פרייז אַזוי איז מעגליך געווען צו ערגרייכען דאָס ציעל אין אַ קורצער צייט, האטשי אונזערע רייכע יודען זענען נעבען שטאַנען פון דער זייט און האָבען נישט געוואָלט נעהמען קיין חלק אין דיעזען וויכטיגען ווערק. אַ בעזונדער פער־דיענסט האט זיך ערוואָרבען דאס ביוהעריגע בוי־קאָמיטע און דער בעקאַנטער ציוניסט ה׳ משה מאַרטאַקאווער.

דאס הויז בעשטעהט פון 4 שענע געריימיגע ציממער, אַ גרויסער גארטען, אַ גרויסען עלעגאַנטען פעסט־זאַאַל, אַ גרויסען הויף און ענטשפרעכענדע נעבענרוימע. עס געניגט פולשטענדיג פאַר זיין צוועק און וועט זיין אַ „בית־העם“, אַ יודיש פאלקס־הויז, אין דער פולען בעדייטונג פון דיעזען ווארט.

צו דער ערעפנונג זענען געקומען די אבגעאָרדנעטע שטאַנד, גאַבעל און ברייטער, פערטרעטער פונ׳ם ציוניסטישען צענטראַל־קאמיטע, פון די גאַליצישע דיסט־ריקטס־קאמיטעס, פונ׳ם העברעאישען שול־פעראיין, פון פערשיעדענע אקאַדעמישע פערבינדונגען עטצ. אויך אַ גרויסער טהייל פון דער היעזיגער יודישער בעפעלקערונג האט זיך בעטהיילינט אין דער פייער.



נפתלי הערץ אימבער.

ה' פויל כ־ראף האט געהאלטען די ערעפנונגס־רעדע, אבגעארדנעטער שטאנד די פעסט־ערע. דער־נאך שפרעכען נאך די ה' מא־טאקאווער און אקען.

אבענדס איז פאר־געקומען א פעסטבאנקעט. א־אנ־שירט פון דר. גלאזבערג און דר. אלעסקער, ביי וועלכען ס'האבען געהאלטען טאאסטע די אבגעא־דנעטע שטאנד, נאבעל און ברייטער. דר. ־ינגעל, דר. וואלדמאן, דוד הירש מיענער או. ז. וו.

די פייער איז אבגעלאפען גרויסא־טיג.

# נפתלי הערץ אימבער.

אין ניו־יא־ק איז פארינע וואך געשטארבען דער בעריהמטער יודישער דיכטער, נפתלי הערץ אימבער.

געשטארבען איז ער, ווי אלע יודישע פאעטען, א־ים און עלענד אין שפיטאל. דאס פאלק, וואס זיינע זיינע ליעדער, וואס ווערד בעגייסטערט פון זיין הערליכען „עוד לא אבדה תקותנו", האט פאר איהם נישט גע־זאר־ט, ווי עס זארגט נישט פאר זיינע אנדערע שריפט־שטעלער און פאעטען, ווען זיי זענען נישט צוגלייך סוחר־שע נשמות און קענען נישט אבשפארען אין די גוטע יאהרען א פעטען גראשען אויף די אלטע יאהרען.

נפתלי הערץ אימבער איז געבוירען געווא־ען אין זלאטשאוו, גאליציען, מיט עטליכע 50 יאהר צוריק. ווען ער איז אלט געוועזען 9 יאהר האט ער אנגעהויבען ארויס־צוגעבען א טעגליכע צייטונג אין העברעאיש, וועלכע ער פלעגט אין גאנצען אויפשרייבען. ער האט מיט דעם צונעצווינגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון א גרויסער פערזענליכקייט, וועלכע האט זיך געקימערט וועגען זיין ערציעהונג. שפעטער איז ער געפאהרען קיין ארץ־ישראל, דערנאך קיין לאנדאן, וואו ער האט געלערנט העברעאיש מיט דעם בעריהמטען יודיש־ענגלישען שרייבער ישראל זאנגוויל, און זאנגוויל האט מיט איהם געלערנט ענגליש. זאנגוויל האט איהם פארעשטעלט אלע טיפ אין דער געשטאלט פון „מלכי־צדק־פנחס" אין זיין בוך „קינדער פון גהעטא".

שפעטער איז ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האט פערבריינגט זיינע לעצטע יאהרען אין פי־לאדעלפיא און אין ניו־יארק.

אימבער האט מייסטענס געשריעבען ליעדער אין העב־רעאיש און יודיש. בעריהמט איז ער געווארען מיט זיין ליעד „התקוה". ארער, ווי עס ווערד גערופען אלגעמיין „עוד לא אבדה תקותנו". צו וועלכען מען האט באלד צוגע־פאסט א שענע מעלאדיע און עס ווערד געזינגען פון די ציוניסטען אויף דער גאנצער וועלט. חוץ־לזה פלעגט ער אויך שרייבען ארטיקלען און איבערזעצונגען פאר אמע־ריקאנישע צייטונגען. איינער פון זיינע לעצטע ארטיקלען, „דער תלמוד און דער גארדפאל", ערשיינט איצט אין דעם ענגליש־יודישען בלאט „מאקאבעען".

אין די לעצטע יאה־ען איז אימבער אויסגעהאל־טען געווארען פון דעם פילאדעלפי־ער ריכטער מאיר זולצבערג, וועלכער איז געוועזען א גרויסער פערעה־רער פון זיין טאלענט.

געשטארבען איז ער, ווי שוין דערמאנט, אין ניו־יארקער שפיטאל, א־ים און עלענד — אבער זיין „התקוה" וועט איהם פערשאפען א אייביגען זכרון צווישען יודען.

תנצב"ה.

# א שוישפיעלערין אלס אוני־ווערזיטעטס־פראפעסאריז.

דער עסטרייכישער אונטערריכטס־מיניסטער האט בעשטעטיגט די שוישפיעלע־ין פון וויענער האפבורג־טהעאטער, פרוי אלגא לעווינסקי אלס פראפעסא־רין פון רהעטאריק (־ערע־קונסט, התוך־הדבור) אין דער וויענער אוניווערזיטעט.

פרוי לעווינסקי, וואס איהר בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, איז די צווייטע פראפעסארין אין דער וויענער אוניווערזיטעט. הוץ איהר עקזיסטירט שוין דא־ט א ווייבליכער פ־אפעסאר, פריילין דר. ריכטער, אויף דער פילאלאגישער אבטהיילונג.

דאס פ־אפעסארען־קאלעגיום פון דעם אוניווערזי־טעט האט מאטיווירט זיין פארשלאג, וועגען ערנענונג פון דער פרוי לעווינסקי אלס פראפעסארין, דאמיט, אז ס'איז נויטהיג פאר אלע פע־זאנען פון אקאדעמישען בערוף, ווי אדוואקאטען, ריכטער, פ־אפעסא־ען, לעהרער, טהעאלאגען וכדומה, צו בעהע־שען די רעדע־קונסט און צו האבען א ריכטיגען התוך־הדבור.

ענליכע לעהרשטעלען וועלען באלד ערריכטעט ווע־ען ביי די אוניווערזיטעטען אין טשערנאוויץ און אין פ־אג.

# דער נייער יודישער דעפו־טאט צו דער רוסישער דומא.

די רעאקציאנע־ען אין רוסלאנד קענען זיך נאך אלץ נישט בערוהיגען, וואס א־ן ארעסא איז געוועהלט געווארען צו דער דומא דע־ יודישער ארוואקאט א־קאדי ב־אדסקי, און זיי זוכען אלע מעגליכע תחבולות, זיין וואהל צו ערקלערען פאר אונגילטיג. אלע דיעזע שפע־קולאציעס העלפען אבער גא־ נישט. די וואהל איז פאר־




ערעפנונג פון יודישען הויז אין בראדי: דאס „בית־העם".



א שוישפיעלערין אלס אוניווערזיטעטס־פראפעסארין: פרוי אלגא לעווינסקי.

געקומען פולשטענדיג לעגאל און מען קען אין איה־ נישט געפונען קיין שום פגם.

די דומא איז דיעזע טעג ווידער ערעפענט געווא־רען, און דער נייער יודישער דעפוטאט וועט באלד האבען געלעגענהייט אויפצוטרעטען אלס בעשיצער פון די יודישע אינטערעסען, נישט קיקענדיג ראוויף, וואס ביי די לעצטע ע־נענצונגס־וואהלען צו דער דומא האבען כסדר געזיעגט די קאדעטען, האלטען די רעאקציאנערע זייער צייט פא־געקומען און זיי וועלען איינברענגען אין דער דומא עט־ליכע אנטרענע, מען זאל די רעכטע פון די יודען נאך מעהר בעשרענקען. עס וועט נויטהיג זיין די גאנצע ענער־שיע פון די יודישע דעפוטאטען, דאס צו פערהיטען.

בראדסקי זעלבסט האט ערקלערט דעם פערטרעטער פון א יודישער צייטונג, אז ביי דער איצטיגער לאגע אין דער דומא וועט עס זיין זעה־ שווער, עפיס ממשות'דיגעס צו ערר..כען לטובה פון די יודען. די יודישע דעפוטאטען פון דער דומא וועלען זיך מוהען בענניגען דאמיט, צו ווידערלעגען די בעשולדיגונגען נעגען די יודען, וואס וועלען פא־געבר־ענגט ווערען פון עקסטרעמע רעאקציאנערען.

# איינשטורץ־קאטאסטרא־פע איז שטראסבורג.

אין שטראסבורג, דער הויפטשטאדט פון עלזאס, איז פארינע וואך פא־געקומען א שרעקליכע קאטאסטראפע, ביי וועלכער ס'זענען 7 מענשען געטעטעט און 15 שווער פערוואונדעט געווארען.

וועהרענד דעם בוי פון א 5־שטעקיגן הויז איז פאסט דאס גאנצע, באלד פערטיגע געביידע איינגעשטירצט, מיט־רייסענדיג מיט זיך 25 א־בייטער, וואס זענען געראדע ביי דער ארבייט בעשעפטיגט געוועזען. די ארבעטפאלענע זענען געבליעבען ליעגען אונטער די טרימער פינ'ם בוי און מיט שווערע־ מיה איז עס געלונגען, זיי אויס־צוגראבען.

נאכדעם ווי די שווערע ארבייט איז געלונגען, האט מען געטראפען 7 טויטע און 15 שווער פערלעצטע. בלויז 3 זענען ווי דורך א נס ניצול געווארען און ערליטען לייכטע פערוואונדונגען.

דער איינשטורץ איז פערא־זאכט געווארען דורך דעם שלעכטען בוימאטעריאל און דורך די שטא־קע רעגענס, וואס זענען אין לעצטער צייט פא־געקומען, וועלכע האבען דורכגענעצט דאס גאנצע געביידע.

כדי צו פערהיטען דאס איינשטירצען פון די איבריג־געבליעבענע מויער'ן, האט דאס שטעדטישע בויאמט בעשלאסען, אויך דיעזע איינצוווארפען.

# אויף אגיטאציע.

(א בלעטיל פון מיין טאגעבוך.)

מ'האט מיך איינגעלאדען קיין ל., איך זאל דארט גרינדען א ציון-פעראיין.

געווען איז עס אין דער צייט פון די וואהלען פאר צוויי יאהר, ווען די ווערטער: יודען, יודישקייט, ציוניסטען עטצ. עטצ. הויכקליענגדיגע רעד, האבען זיך געלאזט הערען בכל תפוצות גאליציע, דעמאלט האבען זיך יונגע-לייטליך פון ל. מישב געווען, אז ס'וואלט נישט געשאד'ט אויסצושרייבען א רעדנער צו זיי אויך.

ל. איז א שטעדט'ל, ווי ס'וואוינען עטליכע מנינים יודען און האט א יורישען וואיט, אנ'עם אריין סדאוריתא, מסתמא אמאל ארענדאר געווען.

איינמאל אין א דאנערשטאג נאכמיטאג, זיצענדיג אין מיין צימער, קומט צו מיר אריין עפיס א דויטער יונגער מאן אין א לאנגער בעקישע, אויף דער נאז אנגעטהון א פאר געלע ב־ילען, וועלכע ניצען איהם אבער נישט, מחמת ער קוקט א־יבער א־פער די ב־ילען. די פאות קורץ אונטערגעשניטען, אונטער'ן קאלנער פונ'ם העמד שטעקט ארויס א ווייסער שנופס, די שיך שטארק מיט שטויב, קענטי'ג אז ער א סך געגאנגען. און נישט פרעגענדיג מיך אפילו צו האט ער געטראפען דעם וואס ער זוכט, דערצעהלט ער מיר תיכף, אז באשר ער איז געקומען מיך בעטען, ער האט פון מיר — חנפ'ט ער מיך אין איין ווענס — א סך געלעזען און אזוי ווי ער איז איבערצייגט, אז קיין אנדערער וועט עס נישט קענען, נאר איך, בעט ער מיך, איך זאל אזוי גוט זיין און מיט איהם פאהרען צו זיי קיין ל., דארט גרינדען א ציון-פעראיין.

אין תוך רעדען, בין איך געוואהר געווארען, אז ער איז א שטיקעל ברחן, זיין יידע אין זיין שאטע זענען געווען נאר פון די גרויסע בדחנים, ווי א נגידישע חתונה, זענען זיי געווען אין מ־שען. דער ברודער און דער שוואגער זיינער זענען אויך בדחנים, נאר זיי ביידע — די לעצטע — זענען שוין נישט דאס וואס ער. ער, זאגט ער מיר, אז ער שטעלט זיך אנידער זאגען, צונעהט מען פאר געוו..ן.

נאר איך — זאגט ער — אז איך הויב אן צו זאגען, מוז איך קודם-כל נעמען א גיעפ פ־ראנפען, אפשר האט איהר א קאפ. וועל איך אייך ווייזען ווי אזוי איך קען זאגען.

און מחמת כ'האב קיין בראנפען נישט געהאט, האב איך געמוזט פערציכטען אויף זיין זאגעכ'ץ.

געזאגט האט ער מיר, אז ס'זענען דארט דא 30 ביז 40 מענשען, וואס וואלטען תיכף צוגעשטאנען, איך זאל נאר קומען.

וועלענדיג כבן ראטעווען אזויפיעל יודען פאר אונזער רעיון, (אז די נסיעה איז נאר אין מיר) האב איך מיט איהם אבגעשמועסט, אי"ה זונטאג פאהר איך קיין ל.

זונטאג זייגער 12. עטליכע שעה פאר'ן אוועקגעהן צום צוג, קומט מיין יונגער מאן ווייטער צו געהן, באשר, ער האט זיך איבערלעגט, ס'פאסט נישט, איך זאל אליין פאהרען, איז ער נאך מיר געקומען.

מיר זענען געפאהרען.

אויפ'ן וועג דערצעהלט מיר מיין יונגערמאן, אז דארט איז א מחלוקה וועגען א שוחט. דאס הייסט איין שוחט איז געשטארבען און האט איבערגעלאזט א זוהן אויך א שוחט. נאר איז ער — אזוי איז ער מיך מבטיח — אביסעל א בלינדער און טאר גאר נישט קוילען, נור די שטאדט האלט פון איהם, האבען זיי געפועל'ט ביים רב, ער זאל איהם מתיר זיין צו קוילען.

ער (מיין יונגערמאן) האט אבער א שוואגער איז ער א געניטער שוחט. וואס רעד איך, זאגט ער, א שוחט. ער מעג זיין רב, וויל אבער די שטאדט איהם נישט און מ'האט אויף איהם אויסגעטראכט, ער ציטער'ט מיט די הענד. בכן בעט ער מיך, איך זאל אזוי גוט זיין אין מיין רעדע, זאל איך זיי זאגען, מ'זאל זיין שוואגער אויפנעהמען פאר שוחט. „מאהלט אייך, — גיבט ער צו — ער שלאגט זיך נישט אן דערנאך. ער איז א גוטער מלמד און פערדיענט שענע פאר זילבער, אפשר א הונדערטער א זמן, אדער נאך מעהר. נאר וואסזשע דען, ס'נעהט איהם אין פערדרוס, למאי ווילען זיי איהם נישט פאר קיין שוחט און יענעם יא'...

די נסיעה האט נישט לאנג געדויערט און מיין יונגערמאן האט זיך אביסעל בערוהיגט, אויף דער סטאציע האט אונז קיינער נישט אבגעווארט. נור מיין יונגערמאן האט מיר מבטיח געווען, אז זיי שטעהען אודאי פאר דער שטאדט.

אין שטאדט אריין זענען בלויז צוויי אדער דריי קילאמעטער, נאר דער גאנג מיט'ן יונגענמאן און דער שמועס וועגען שוחט, וועלכעס ער האט אלץ אלעמאל איבערגע'חזר'ט, האט זיך מיר אזוי סקוטשעט, אז מיר האט זיך געדאכט, מיר געהען עטליכע שעה.

פאר'ן שטעדטיל און אין שטעדטיל האט אונז קיינער נישט אבגעווארט, נאר דערפאר איז תיכף אויף מיין נאספארע, (מ'האט מיך איינקוואטירט טאקי ביי דעם יונגענמאן, וועלכער האט בעוואהנט א צימער אינאיינעם מיט דער מוטער) געקומען עפי'ם א יאלה. דער איינציגער דייטש אין ל. אין האט זיך מיר פארגעשטעלט, אז ער איז פון סערעטה. ד. ה. ער איז א ל.'ער. נאר אכט חדשים איז ער געהען אין א געוועלב אין סערעטה און האט דא־צו אנגעהע־ט א האנדעלסאנגעשטעלטען-פעראיין און דאריבער האט ער השק, ס'זאל אין ל. אויך זיין אזא פעראיין.

מיינע צוויי יונגעלייט, האבען אויסגעארבעט א צעטעל, ווען מ'זאל פערבעטען און פערשטעהט זיך, די וואס זענען מיט זיי ברונה, זאלען זיצען אין דער היים, פערזיכערט האט מען מיך, אז אין א האלבער שעה איז גאנ'ץ ל. פערשטענדיגט.

שפעטער מיט א האלבער שעה, קומען ב..דע יונגע לייט צוריק און מעלדען מיר, אז ס'שטעהט שלעכט, באשר די טאטעס לאזען נישט די קינדער געהן, ווייל זיי האבען מיך געזעהן אנקומען, האבען זיי מורא, צו דער דייטשי' וויל ניט אפשמד'ען די קינדער. נור, גיבען די צוויי יונגעלייט בטחון, די קינדער וועלען זיי ניט הערען און זיי וועלען בגנבה קומען הערען.

ווייסט איהר וואס, פאלט פלוצים דער חסידישער יונגער מאן אויף א שפעקולאציע (ווי תורה דא־ט איז חכמה), מיר וועלען מאכען די אסיפה אויסער דער שטאדט ביי א יוד אין א סטאראלע און אהין וועט מען קומען, די יונגע לייט זענען ווידער אוועקגעגאנגען, זיך אבגעזוימט א קארנע צוויי שעה און קומען צוריק מיט א בשורה, אז באשר ס'איז גוט. יא ... וועלען קומען אי דאס מוז מען שוין געהן, ס'איז שוין נאך אכט און שפעטער א ביסעל לענט מען זיך אין ל. שלאפען.

א קיצור מיר לאזען זיך געהן אויסער דער שטאדט צום יוד אין דער סטאראלע און טרעפען שוין דארט פערזאמעלט טאקי דעם יוד מיט'ן בני-בית, וועלכעס איז בעשטאנען פון 7 אדער 8 קליינווארג, וואס דאס עלטסטע איז אלט געווען א יאהר 10 און אויסערדעם צוויי יונגע לייטליך פון א יאהר 14 אדער 15.

געבעטען האבען מיך ביידע יונגע לייטליך, איך זאל שוין אנזאגען, מחמת זיי האבען מורא, מ'זאל זיי נישט דער־טאפען, איז דאס לעבען זייערס ניט ווער־ט א זעקסער...

און קוים האבען זיי אבגעזאגט, הער איך פלוצים א געוואלד: שלום, שלום, דער טאטע געהט און נאך איידער די צוויי קינדער האבען אוסגעפיעט זיך אויסצודרעהען, הער איך שוין צוויי פארפאהר און א גראב קול: דו ממזר דו, וועסט מיר נאר געהן אין גוי'שע דרכים, וועסט נאכגעהען הערש הנצי לאפציעס קאפ? (אזוי האט מען גערופען דעם דייטש) ס'וועט אויס דיר וואקסען א שענער לייט, תיכף נעה אהיים, און דו מאיר זאביערע דיך אויך. ווייל איך שיק תיכף דעם טאטען אהער, סמארקעס אהיים! און ביידע יונגע לייטליך זענען אויסגעוועזען די צייט.

מיינע ביידע יונגעלייט, דער חסידישער און דער דייטשער, האבען זיך אנגעהויבען איינס דאס אנדערע צו טרעסלען: כ'האב דיר דען נישט געזאגט זאלסט אויפהערען מיט די נראבע יונגען! אזוי לאנג, אזוי ברייט ביז זיי האבען זיך ביידע צעקריגט און דער דייטש האט עוקר געווען.

איך בין מיט'ן חסידישען יונגענמאן צוריקגעגאנגען אויף דער נאספארע, ער האט זיך, נור געלערנ־ט, וואס די שוחט-פראגע איז ניט בעריהרט געווארען, קיין צוג האב איך ניט געהאט און האב געמוזט דא־ט נעכטיגען, זיצענדיג אזוי ביים טיש, מאכט צו מיר דער יונגער מאן: איך קען אפילו אליין זעהר גוט, נור אודאי ניט אזוי ווי איהר, אט האב איך היינט בעקומען דעם בריעף פון דער כלה, מאכט מיר אנ'ענפער... איהר זעגט ראך שוין סאי ווי סאי דא...

מילא ווי אזוי כ'האב אין ל. איבערגעלעבט די נאכט, איז ניט צום בעשרייבען, די חסידים פונ'ם שטעדטעל האבען אין מיין נאספארע די שויבען אויסגעשלאגען, שטיינער אריינגעווארפען — און אז כ'האב מיך אין דער פריה שוין געזעהען זיצען אין וואגען, האב איך גומל געבענשט.

נור דאס ווא־ט האב איך מיר געגעבען, אין אזעלכע מקומות ווי ל. פאר איך נישט מעהר אויף אגיטאציע...

ז. האבער.

# א אונגעוועהנליכע רציחה אין פעטערבורג.

אין פעטערבורג איז פאריגע וואך פארגעקומען א אונגעוועהנליכער מארדפאל.

אויף פאנטאנקע, ביי איינע קאטאוויטש אין דירה, האט מען געפונען א מענשען טויט אין בעט צעשטאכען מיט א קינזשאל און דער קאפ איז געווען אין גאנצען אבגעשניטען פון קערפער. דערמיט האט זיך נאך דער מערדער נישט בעגנוגט: ער האט נאך דעם קאפ אזוי צע'מוטשע'ט און צעביילט, דאס ס'איז אונמעגליך צו דערקענען, ווי דער אומגליקליכער האט א מאל אויסגעזעהן, די ליפען, די נאז און די אויערען זענען אבגעשניטען, די הויט פון שטערן איז אבגעשונדען אין דער גאנצער שארבען איז ארונטער-געריסען.

די בעל-הבית'טע פון דער דירה דערצעהלט, דאס מיט עטליכע טעג צוריק איז געקומען א יונגער מענש, וואס האט זיך אנגערופען פעאדא־אוו און האט ביי איהר געדונגען די דירה צוזאמען מיט די מעבעל, צום בעשטימטען טערמין, דעם 2־טען אקטאבער, איז דער שכן געקומען צוזאמען מיט נאך א יונגען מענשען און האט איבערגענומען די דירה.

אין שט"ב איז דעמולט געווען נאר די דיענסט. דער יונגער מענש האט געגעבען דער דיענסט פינף רו־בעל און האט איהר אוועקגעשיקט קיין פעטראוויסק, פון וואנען זי האט געזאלט ברענגען זיינס א קארב מיט זאכען. די דיענסט איז געפאהרען קיין פעטראוויסק, האט דארט נאכגעפרעגט אויף דעם אדרעס און קיינער האט איהר נישט געקענט אנווייזען וואו דער קארב געפינט זיך, און זי איז צוריק געקומען מיט לעדיגע הענד.

קומענדיג א פערמאטערטע א היים, האט זי אנגעקלאפט אין דער פערשלאסענער טהיר. האט געקלונגען, קיינער האט איהר אבער נישט געענפערט. די דיענסט האט גערעכענט, דאס די פערמאטערטע שכנים וואס האבען זיך נאר וואס אריינגעצויגען, שלאפען שוין. נישט וועלענדיג זיי וועקען איז זי אוועק צו א שכן און האט דארט איבערגענעכטיגט. אויף מארגען פריה האט זי ווידער געפרובט קלאפען און ווען מען האט איהר נישט געעפענט איז זי אוועק צום דווארניק. מען האט גערופען פאליציי און אויפגעבראכען די טהיר. וואו עס האט זיך פאר די אויגען פון דער פאליציי בעוויזען דאס שרעקליכע בילד.

ביי וועלכע אומשטענדע און צוליעב וואס פאר א סבה דיעזעס פערברעכען איז פארגעקומען, איז נאך דערוויל נישט אויפגעקלעהרט. דער מערדער האט נישט בלויז דאס פנים און דעם קאפ פון זיין קרבן צעפליקט. נאר ער האט אויך אויסגעשניטען פון העמד און פון די קליידער די צייכענס. וואס זאלען קענען דיענען אלס סימן ווער דער אפפער איז.

# אים הארעם פונ'ם סולטאן.

## אריגינאל־ראמאן פון דער יונגטערקישער צייט.

(צעהנטע פארטזעצונג *).

איצט שטעהען שוין רעשאד'ן ביידע מארדס־קערלע אקעגען. ער ציעהט דעם רעוואָלווער און רופט: „ריהרט אייך קיין שריט. אדער איך שיעס!“ אין דער מינוט אבער בעקומט ער פון הינטען א קלאפ איבער'ן קאפ מיט א שווערען געגענשטאנד, און ער פאלט א ניעדער, האלב אהנמעכטיג...

דער רעש און דער ליארם האבען אויפגעוועקט דאס שיפספע־סאנאל. באלד איז אנגעקומען דער קאפיטאן מיט עטליכע אפיציע־ע און מאטראזען, ווי אויך דער שיפסארצט. אונזער „דר. רווישער“ גיבט זיי א ווינק און זיי פערשטעהען תיכף, וועגען וואס דא האנדעלט זיך.

דער שיפסארצט בעפעהלט, מען זאל דעם שווער פערלעצטען רעשאד ביי א־יבערט־אנען אין שפיטאל, וואו ער פערבינדעט זיינע וואונדען.

דר. רווישער און זיינע בעגלייטער ערהאלען זיך שנעל פונ'ם שרעק, זיי דרינגען אריין אין דער קאבינע, וואו די „משונענע“ אננא געפונט זיך און הייסען איהר תיכף שווייגען ווען זי וויל נישט בעקומען א פארציע בלוטיגע קלעפ.

אננא קען שוין נוט די לייט און בערוהיגט זיך תיכף ווי וויט זי קען נאר.

די פאסאשיערען ווערען דורך'ן קאפיטאן אויך בערוהיגט, וועלכער דערצעהלט זיי, אז דער ליאר־ם איז ענטשטאנען דורך די „משונענע“, וואס האט זיך געוואלט אויסברעכען פון איהר קאבינע.

### צעהנטעס קאפיטעל.

## ביי די יונגטירקען.

אינ'ם עמפפאנגס־סאלאן פון גענעראל סעלים מוקטאר פאשא זיצען עטליכע טירקישע אפיציערע, פערטיעפט אין א געשפרעך.

דער סאלאן איז איינגעריכטעט מיט עכט אריענטאלישער פראכט. דער פוס־באדען איז בעדעקט מיט שווערע טעפיכע, אויף וועלכע די פערזאמעלטע זיצען און רויכען א שווערען טירקישען טאבאק.

— איך זאג אייך, מיינע פריינד, ס'איז געקומען די צייט צום האנדלען — זאגט איינער פון די אנוועזענדע, דער מאיאר סאלימאן פאשא — מיר טארען נישט מעהר רוהיג צוקוקען, ווי אונזער פאטערלאנד ווערד צעריסען און צערשטיקעלט פון יעדען, וועד ס'וויל נישט... מיר מוזען ווער־ען בעלי־הבתים ביי אונז אין דער היים...

— דו האסט רעכט — אונטערבריכט איהם דער בעל־הבית, סעלים מוק־טהאר — אבער וויסענדיג מיט וואס א געפעהרליכער זאך מיר האבען צו טהון, איז עס נויטיג, מיר זאלען זיך צוערשט גוט ארגאניזירען, ווייל זאנסט ווערט אונזער גאנצע ארבייט זיין אומזיסט.

— אבער מיר מוזען בעדענקען — זאגט דער אבערסט אסמאן ביי — אז דא אין קאנסטאנטינאפעל זענען מיר בעוואכט אויף שריט און טריט. די שפיאנען פונ'ם סולטאן היטען אונז וואו מיר געהען און שטעהען. איך האב מורא, אז ביי־אונזער גרעסטער פארזיכט, וועט דאס ווערק נישט געלונגען, ווייל מען וועט אונז חאפען אין דער מיט און צערשטערען אונזער ארבייט.

איבער דעם איז מיין דעה, מיר זאלען אריבערטראגען דעם הויפטזיץ פון דער א־גאניזאציע אין א פ־אוינץ־שטא־ט, וואו מיר וועלען זיין זיכער פאר שפיאנען.

— זעהר ריכטיג! — בעמערקט סעלים מוקטהאר, — דאס בעסטע וואלט געווען, מיר וועלען פערלעגען אונזער צענטראלע קיין סאלאניק. דארט, אין דער הויפטשטאדט פון מאצעדאניען, וואו אונזערע טירקישע ברידער פיהלען אם שטא־קס־טען די שמאך און שאנדע פון אונזער פאטערלאנד, דא־ט וואו פאר זייערע אויגען שפיעלען זיך אפ די סצענעס, וואס פרעמדע מישען זיך אריין אין די וויכטיגסטע אינטערעסען פון אונזער פאטערלאנד און מיר מוזען זעהען און שווייגען — דארט איז דער בעסטער ארט, איינצוריכטען דעם הויפטזיץ פון אונזער בעוועגונג. דא־ט וועט דאס גאנצע מיליטער צושטעהן צו אונז, און פון דא־ט אויס וועלען מיר קענען פערברייטען אונזער אקציע איבער'ן טירקישען רייך...

סעלים מוקטהאר האט געשפראכען מיט גרויס בעגייסטערונג. אלע אנוועזענדע האבען איהם צוגעשטימט. זייערע אויגען פונקלען פאר פרייד, זיי זענען ווי בערוישט פון דעם איינענעם פלאן.

— אבער! — רופט אסמאן ביי נאך א קליינער פויזע — יעדע זאך האט איהר „אבער“! ווי אזוי ווערסטו, סעלים מוקטהאר, קענען פערלאזען קאנסטאנטינאפעל?

דער סולטאן, ביי וועלכען דו ביזט אזוי שטא־ק בעליעבט, וועט דיך זיכער נישט וועלען לאזען אבפאהרען פון דאנען. אהן דיר אבער וועט עס זיין שווער, די גאנצע בעוועגונג צו ארגאניזירען...

— דער סולטאן וועט מיך שוין לאזען פאהרען — ענטפערט סעלים מוקטהאר — איך בין ביי איהם אין די לעצטע טעג נישט מעהר אזא מיוחס ווי פריהער. ס'איז אויף מיר געווארפען א שטיקעל חשד... ווען איך בין ביי איהם געווען דאס לעצטע מאל, פאר צוויי וואכען, האט ער מיך עמפפאנגען גאנץ קיהל און איבערדעם רעכען איך, אז ער וועט נאר צופריעדען זיין, ווען איך וועל איהם מעלדען, אז איך וויל אבפאהרען פון קאנסטאנטינאפעל. פון דער וייט בין איך איהם זיכער נישט אזוי געפעהרליך ווי דא אויף'ן א־ט...

סעלים מוקטהאר האט נאך נישט געענדיגט זיינע רייד, ווען עס דערהערט זיך פלוצים א קלאפען אין דער טהיר.

„הערייו“! — רופט סעלים מוקטהאר, און באלד ערשיינט פאר איהם א דיענער און מעלדעט, אז דעם סולטאן'ס אבער־איינוך איז געקומען און וויל סעלים'ן שפרעכען.

— האסט איהם געזאגט אז איך האב איצט געסט? — פרעגט סעלים איבערראשט.

— ניין! — ענטפערט דער דיענער. — איך האב בלויז געזאגט, אז דו שלאפסט...

— גוט! — ברומט סעלים — פיהר איהם אריין אין מיין ארבייטס־צימער. איך קום באלד דארטהין.

דער דיענער ענטפערנט זיך. סעלים מוקטהאר ווינקט צו זיינע געסטען, זיי זאלען בלייבען זיצען רוהיג און נישט פערראטהען זייער אנוועזענהייט דורך אירגענד וועלכער בעוועגונג.

ער איילט אריין אין זיין שלאפצימער, ווישט זיך אב זיין פנים מיט א פייכטען טוך, כדי ער זאל אויסזעהען פריש געוואשען נאך'ן שלאף און באלד ער־שיינט ער אין דעם קליינעם, הערליך איינגעריכטעטען סאלאן, וואו ער טרעפט שוין דעם סולטאן'ס אבער־איינוך אשמא אין בעגלייטונג פון א פערשלייערטער דאמע.

— זיי געגריסט פון אללאה! — זאגט אשמא מיט א טיעפער פערביינונג — זיין חסד צו דיר איז נאר גרויס!..

סעלים מוקטהאר פערנייגט זיך טיעף.

— מיין העדר. אונזער גנעדיגער סולטאן שיקט דיר אין זיין גרויס גנאד אלס בעווייז פון זיין פריינדליכקייט איינע פון זיינע שענסטע הארעמס־דאמען, די הערליכע צא־אאידא..

— אללאה זאל בעשיצען מיין קאיזערליכען העדר — ענטפערט סעלים מוק־טהאר — איך פאל צו זיינע פוס, קוש דעם שטויב פון זיינע טריט און בעט שטענ־דיג צו אללאה פאר זיין גליק!

אשמא ענטפערנט זיך מיט א קורצען מיליטערישען גרוס — זיין שארף אויג האט תיכף דערקענט אין סעלים מוקטהא־'ס פנים, אז דעם סולטאן'ס מתנה שמעקט איהם נישט בעזונדערס.

צאראאידא איז איצט אליין געבליבען מיט דעם גענעראל אין סאלאן. זי שטעהט אנגעשפארט ביי דעם טיש און איהרע אויגען פונקלען פון אונטער דעם שלייער וואס פערהילט איהר פנים.

עטליכע מינוט בעטראכט זי גענעראל סעלים מוקטהאר מיט זיין שארפען בליק, דערנאך פרעגט ער זי:

— ביזטו צופריעדען מיט דער ענדערונג אין דיין לעבען? אנשטאט צו זיין אים הארעם פונ'ם גרויסען מעכטיגען סולטאן, ווערסטו זיין א סקלאווין ביי איינעם פון זיינע דיענער.

— ווען אין די שטערען שטעהט פערשריעבען, צו פערברענגען דאס לעבען אלס סקלאווין, איז עס גאנץ גלייך, וואו עס געשיהט, אין א הערליכען פאלא־ן אדער אין דער היטע פון א איינפאכען מענש... די פרייהייט איז מיר סיי־ווי־סיי גע־ויבט...

— אוי, דו ביזט א רעוואלוציאנערער גייסט! — רופט סעלים מוקטהאר — מיט אזעלכע געדאנקען ביזטו געווען אים סולטאנ'ס פאלאץ?

(פארטזעצונג קומט).

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהערדיגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

# דער צאר אין איטאליען.

א העכסט פאליטיש ערייגניס איז דיעזע טעג פארגעקומען. צאר ניקאלויס האט אבגעשטאטעט א בע־זוך דעם איטאליענישען קעניג־פאר אין דעם קעניגליכען שלאס פון ראקאניני (ביי טורין). דער בעזוך איז אי־בערדעם פאליטיש אזוי וויכטיג, וויל די רוסישע און די איטאליענישע פרעסע בעהויפטעט גאנץ אפען, אז דאס בעגעגעניש פערפאלגט דעם צוועק, צו פערבונדען רוס־לאנד און איטאליען אין די באלקאן־פראגען, כדי צו שטערען עסטערייך־אונגארן. עס זאל זיך נישט בריימ מאכען דא־ט אין דיעזען מזרח־אייראפעאישען ווער־ווינקעל.

שוין ביי דער לעצטער באלקאן־קריזע אין פער־גאנגענעם ווינטער זענען רוסלאנד און איטאליען געגאנ־גען יד־אחת און ווען ס׳וואלט געוועזען דעמילט געקומען צו א קריעג צווישען עסטרייך־אונגא־ן און רוסלאנד, וואלט איטאליען ויכער געוועזען געפאלען ויין פערבונדע־טען אים ריקען (ווי זיין טבע איז תמיד), נאר די פעס־טע האלטונג פון דער עסטרייכישער פאליטיק און די אונטערשטיצונג פון דייטשלאנד האבען פערמיעדען דעם קריעג.

איצט ווילען זיך דיעזע ביידע עסטרייכישע שכנים פון צפון און דרום־זייט פערבונדען געגען עסטרייך און דאס איז דער גרונד, פאר־וואס דער צאר האט אונטער־גענומען אזא ווייטע נס׳עה. האט זיך אויסגעזעצט די גרעסטע געפאהרען, כדי צוזאמענצוקומען מיט׳ן איטאליע־נישען קעניג.

די רייזע איז איבערדעם אויך פארגעקומען נישט אויף דעם נאהנטסטען וועג איבער עסטרייך, נאר איבער דייטשלאנד און פראנקרייך קיין איטאליען. דער רוסישע קאיזער האט בשום־אופן נישט געוואלט בעטרעטען דעם עסטרייכישען באדען.

אויף דעם גאנצען וועג איז די די שטרעקע גע־ווען שטארק בעוואכט פון מיליטער. אין ראקאניני זעלבסט איז די בעוואכונג נאר א מורא׳דיגע, הונדער־טער איטאליענישע, פראנצעזישע און רוסישע געהיים־פאליציסטען דרעהען זיך אין שטעדטיל. אפילו די דאר־טיגע איינוואהנער טארען זיך נישט ארויסווייזען אהן א דאקומענט מיט וייער פאטאגראפיע וואס בעשטעטיגט וייער פערזאן. די קארעספאנדענטען פון די אויסלענדי־שע צייטונגען האט מען נישט צוגעלאזט נעהנטער ווי 50 שריט פונ׳ם צאר — דאס איז האט אויסגעזעהען ווי אין בעלאגערונגס־צושטאנד.

די בעגעגנונג זעלבסט איז אבגעלאפען אהן א שום מכשול. דאס איטאליענישע קעניגס־פאר האט עמפפאנגען זיין גאסט בכבוד גדול. ס׳זענען פארגעקומען פעסטמאהלצייטען, קאנצערטען, הויף־יאגדען, טאאסטע וכדומה.

די ביידע הערשער און זייערע מיניסטער האבען קאנפערירט שעה׳ן־לאנג מיט איינאנדער — אלעס ווי געוועהנליך ביי דעראַרטיגע בעגעגנישען.

די פאליטישע בעדייטונג פון דיעזען בעגעגניש איז זעהר גרויס. אין דער צוקונפט קען זיך די פאליטי־שע וועלט־לאגע שטארק ענדערן. מען מוז נאר איצט נעפאסט ווערען אויף נייע שוויעריגקייטען אין דער באלקאן־פאליטיק.

# א יודישע דעפוטאציע פאר׳ן צאר.

אויף דער רייזע קיין איטאליען איז דער צאר פארינע וואך פאסירט אדעס. צווישען די פערשיעדענע דעפוטאציעס איז פאר איהם אויך ערשיענען א יודישע דעפוטאציע בעשטעהענד פון די אדעסער רבנים פאליקאווסקי און האלפערן און דעם גבאי פון דער אדעסער שוהל וואלף בלומבערג.

פארשטעלענדיג זיך פאר׳ן צאר האט די יודישע דעפוטאציע איבערגעריכט נישט קיין גרויסע ספר־תורה אין א פראכטפאלען, קינסטלעריש־אויסגעארבייטען ארון. די „עץ־חיים׳ס" זענען געוועזען פון ריינעם זילבער. אויף דעם ווייסען סאמעט־מאנטעלע זענען געוועזען אויסגע־נעהט מיט גאלד: „ה׳ בעזך ישמח מלך" (תהלים כ״א) און ביי דער זייט איז אויסגענעהט א מגן־דוד מיט א קרוין; פון דער צווייטער זייט איז פערהאנגען די אויפ־שריפט: „גאט, היט דעם קייזער". דער שיידעל איז אינעווייניג בעדעקט מיט ווייסען אטלאס, און פון אוי־סענווייניג — מיט בלאהען פלוש.

דער דעק פון ארון איז א זילבערנער, בעארבייט אין אלטען יודישען סטיל. דער דעק שטעלט פאר דעם פראנט פון א שוהל, ווילען און א האלב קיילעכדיגע ערעפנונג, און אינעווייניג זענען אויסגעקריצט אויף העב־רעאיש די עשרת־הדברות, איבער דער ערעפנונג איז אויסגעמאהלט א מגן־דוד. געשטיצט אויף לייבען (דער סימבאל פון מלכות בית־דוד) און איבער דעם מגן־דוד די קייזערליכע רוסישע קרוין.

דער ארון איז ארומגעוויקעלט מיט א זילבערנע לענטע, וועלכע טראגט אויף זיך די אויפשריפט: „דעם פערגעטערטען מאנארך, דעם קייזער ניקאליי אלעקסאנדר־ראוויטש — די געטרייע אונטערטעניגע יודישע בע־פעלקערונג פון אדעס. 7־טער אקטאבער 1909".

דער ארון שטעהט אויף זילבערנע פיסלעך.

דאס ספר־תורה האבען דערלאנגט די צוויי רבנים פאליקאווסקי און האלפערן אלס מתנה פון דער אדע־סער יודישער בעפעלקערונג. בשעת׳ן דערלאנגען דאס ספר־תורה זענען זיי געוועזען אנגעטהון אין ווייסע זיידענע קיטלען און טליתים.

# א כינעזישער פאליטיקער געשטארבען.

אין וואנטשאנג, כינא איז פאר קורצען געשטאר־בען דער גרעסטער פון די איצט לעבענדע כינעזישע פאליטיקער. דער וויצע־קעניג טשאנג־טשי־טונג, איבער 70 יאהר אלט.

טשאנג־טשיטונג איז געוועזען איינער פון די מאד־רערנסטע כינעזער, א פריינד פון רעפארמען, און אן אנהענגער פון א פאליטישער אליאנץ מיט יאפאן.

אין דעם כינעזישען פאליטישען לעבען האט ער געשפיעלט א גרויסע ראלע. עטליכע מאל האט מען איהם בעטרויט מיט די וויכטיגסטע פאליטישע אויפגאבען. זיין טויט איז א גרויסער פערלוסט פאר די רעפארם־בע־וועגונג אין כינא.

## איינגעזענדעט.

מיין אדרעסע לויטעט אצינד:

Jakob Kenner, Krakau, Dietelsgasse 63 III st.

## גראטולאציעס.

איך ווינשע מיינעם פריינדע יוסף קאהן צו זיינער פערלאבונג מיט פ־ל. רחל פרעמיננער אויס זאבלוטוב איינען הערצליכען מזל־טוב.

הוסיאטין. חיים אליעזר מענטשער.

## וויכטיג פאר אונזערע אבאנענטען:

לויט א פער־אייננבארונג מיט׳ן פערלאג פון דער יודישער אינטערנאציאנאלער ביבליא־טהעק, וואס זיינע ביכער ווערען אנאנסירט אין אונזער היינטיגען בלאט, בעקומען די אבאנענטען פון דער „יודי־שער אילוסטרירטער צייטונג" אלע דיעזע ביכער מיט 25 % בילינגער פונ׳ם פעסטגעזעצטען פרייז. די בע־שטעלונגען זענען צו ריכטען דירעקט צו דער אדמיניס־טראציע פון אונזער בלאט. געלד איז צו שיקען אים פאראויס. פער נאכנאהמע ווערד נישט געשיקט.

Pierwszy krajowy, hurtowny i częściowy

**Skład Gramofonów**

# Józefa Wekslera

**we Lwowie** — **w Krakowie**

**Sykstuska 2** — **Grodzka 71**

Telefon 2033/II — obok Wawelu

poleca swoje stanowczo **bez szmeru najlepiej grające Gramofony**, oraz płyty z marką »Piszący Aniołek«, uznane przez pierwszorzędnych znawców za **najlepsze i najtrwalsze**




Odznaczona na Wystawie Jubileuszowej we Lwowie w październiku 1908.

najwyższem odznaczeniem **Grand Prix**

**Cenniki darmo i opłatnie.**

**20.000** **płyt polskich, ruskich i żydowskich zawsze na składzie.** **20.000**

**KORZYSTNA WYMIANA PŁYT**

**Części składowe i warsztaty reparacyjne na miejscu**

**Gramofon koncertowy z 10 płytami 60 K.**

Przeróbka lub zamiana Pathefonów na gramofony, oraz wielki wybór Pathéfonów i płyt.

Jeneralne zastępstwo

**Towarzystwa Ack. Gramofonów**

z marką »PISZĄCY ANIOŁEK«

TRADE MARK "GRAMMOPHON"

---

# בקרוב הייבט אז צו ערשיינעז

## אין קראקא

# א נייע יודישע טעגליכע צייטונג

## מיט'ן נאמען

# ❁ „דער טאג" ❁

„דער טאג" וועט זיין רעדיגירט אויף דעם מאדערנסטען אופן פון װיכטיגע פובליציסטישע קרעפטע און וועט זיך בעפאסען מיט אלע פראגען פון עפענטליכען לעבען. ער וועט ברענגען יעדען טאג די אויספיהרליכסטע אינפארמאציעס איבער אלע וויכטיגע ערייגניסע אין דער אלגעמיינער ווי אין דער יודישער וועלט.

„דער טאג" וועט זיין א אונפארטייאיש בלאט.

נעהערע ידיעות וועלען בקרוב בעקאנט געגעבען ווערען.

לעת־עתה קען מען זיך ווענען אלע ענינ'ים ווענדען אויף פאלגענדער אדרעסע:

**Buchdruckerei J. Fischer für Red. „DER TAG" Krakau.**

## ☞ אגענטען אוז פערטרעטער געזוכט. ☜

---

די ערשטע ווארשאווער פאבריק

# פוז גילזעז אונד מינדשטוק־מאשינען

# Lucjan Nowinski

**Warszawa, Leszno Nr. 18**



וועלכע איז איבער א' בעשטעהט מיט איהרע גוטע מאשינען אין גאנץ רוסישען רייך און וועלכע האט אויך פיעל געליעפערט אין דעם עסטרייכישען קאיזערליכען מאָנאָפאָל. מאכט בעקאנט, אז זי האט די לעצטע צייט פיעל אויסנעבעסערט די קאנסטרוקציאָן פון איהרע מאשינען, וועלכע נעבען ארויס טעגליך פון 75 ביז 100 טויזענד גילזען. די איינריכטונג פון די נייע מאשינען איז אזוי לייכט און פערשטענדליך, אז זאגאר א קליינער יונגע פון 12 יאהר קען זיך מיט איהר אומגעהען. די מאשינען זענען אויך מיט דרוק־אפאראטען פערזעהען און געבען ארויס געסטעפעלטע גילזען מיט 2 קאלירען. וועלכע קומען ארויס נאט אויף נאט (szew na szew).

מעסיגע פרייזען. פרייזקוראנט גראטיס.

---

# העברעאישער פערנאונטערריכט.

דורך מיינע 32 קינסטפאלע העברעאישע אונטערריכטס־בריעפע וועלכע איינען גרויסען טהייל דער העברעאישען ליטעראטור אין פראזא און פאעזיע אונד די גאנצע גראמאטיק אין פער שידענען איבונגען ענטהאלטע קאן יעדערמאן דיא העברעאישע שפראכע אין קורצער צייט לייכט אונד גרינדליך אין וואָרט אונד שריפט ערלערנען. האבע הונדערטער דאנקזאגונגען פאן שילערן.

פראספעקטע גראטיס. פראבענומער 1 קראנע אין מארקען. אויך אויסלענדישע

**S. Walkowski, Krakau, Miodowa 16** Postfach 119

---

# וואס איזט יאנאל?

# יאנאל

איז דאס בעסטע אללער

אינסעקטענפערטילינגס־מיטטעל

דען עס מעטעט אונפעהלבאר

וואנצען, שוואבען, רוססען, מייזע, ראטטען.

פיר מענשען אונד הויזטיערע אבסאלוט אונשעדליך.

דיא העלפטע בילליגער אלס אללע אנדערען מיטטעל.

**יאנאל** איזט נור צו האבען ביים ערציינער אונד ערפינדער:

**FRANZ SCHERHAG, WIEN XIV. Sechshauserst. 73.**

Chemiker u. k. k. Patent-Inhaber.

פרייז פער ½ קג.־פאקעט קראנען 2.

פערזאנד געגען נאכנאהמע אָדער פאָראיינזענדונג דעס בעטראגעס.

פערטרעטער אין אללען אָרטען געזוכט.

---

# קנאפף־מאשינען!



נעבסט צוגעהערע צום זעלבסטאנפערטיגען פון שטאף־ און לעדערקנעפפע פיר הערען־ און דאמען־קאנפעקציאן. מעבעל, וואגען עטצ. אויך טרעססענקנעפפע, דאפעל־קנעפפע זאוויא קנאפפטיילע (בוטצען) איינענעס פאבריקאט עבענזא אלע אַרט פאזאמענטיר־אַרבייטען ליפערט צו זעהר בילינען פרייזען:

**Posamenten & Knopffabrik**

**L. Taschner, Krakau, Grodgasse 6.**

☞ פרייזקוראנטע אויף פערלאנגען גראטיס. ☜

---

# חדשה בספרות החנוכית.

# „שפתנו"

ספר למוד השפה העברית עפ"י השטה הטבעית. מאת רפאל סופרמן וצבי שרפשטין.

**חלק ראשון. (לשנת הלמוד הראשונה). אלפא־ביתא ומקראה**

עם תמונות וציורים. מחירו כתר ועש"ים הלר. פורטא 5 הלר. הוצאת „השרון", פשמישל.

„שפתנו" הנהו עפ"י סדורו המצוין, הדרגתו הנכונה, תכנו המענין והמועיל והדורו החיצוני — האלפון המשוכלל היותר, העולה על כל הקודמים. — פרוספקט מפורט ישלח לכל דורש.

המכירה הראשית נמסרה אל:

**Amkraut & Freund, Przemyśl** (Galizien).

---

# Lecznica chirurgiczna Zakład Roentgenowski

# Dr. Artura Frommera

Godziny ord. 9—11 przedpoł. 3—5 popoł.

**Kraków, Tomasza 18.** Róg ul. Floryańskiej

Telefon Nr. 81.

---

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.